**שטורמען**, 1) גָּעַשׁ, הָמֹה, סָעֹר, רָגֹשׁ, רָעַשׁ פ״י; 2) הִשְׁתַּעֵר עַל —.

**שטיבעל**, בַּיִת קָטֹן.

**שטיוועל**, מַגָּף ז׳.

**שטייג**, כְּלוּב ז׳.

**שטייגונג**, 1) עֲלִיָּה נ׳; 2) צַעַד לְפָנִים.

**שטייגען**, 1) עָלֹה פ״י; 2) צָעֹד לְפָנִים.

**שטייגער**, מִנְהָג, אוֹפֶן, דֶּרֶךְ ז׳. אויף אַנאַנדער שטייגער: בְּאוֹפֶן אַחֵר, בְּדֶרֶךְ אַחֶרֶת. אַ פאַרצייטיגער שטייגער: מִנְהָג קָדוּם. איך, אַ שטייגער: אֲנִי, לְמָשָׁל. אַ שטייגער ער טויג ניט: כְּאִלּוּ לֹא הָיָה רָאוּי.

**שטייטש**, ר׳ סטייטש.

**שטיין**, אֶבֶן נ׳. אַ מהייערער שטיין: אֶבֶן יְקָרָה. אַ שטיין אין וועג: אֶבֶן נֶגֶף. זיין סחורה איז אַ שטיין: אֵין קוֹפְצִים עַל סְחוֹרָתוֹ. אַראָב אַ שטיין פון האַרצען: אֶבֶן מַעֲמָסָה נִגְלָה מֵעַל לִבּוֹ. עלענד ווי אַ שטיין: גַּלְמוּד, עֲרִירִי כְּעַרְעָר בָּעֲרָבָה. זיין מזל אויף שטיינער געזאָגט געוואָרען: מַזָּלוֹ רַע מְאֹד, הוּא אֵינֶנּוּ בַּר־מַזָּל. אום שטיינס (מ׳שטיינס) געזאָגט וואָס ער ווייס: יְדִיעָתוֹ פְּחוּת מֵאֶפֶס.

**שטיינען**, ר׳ פערשטיינען.

**שטיינערן**, ר׳ פערשטיינען.

**שטיינערנער**, אַבְנִי, שֶׁל אֶבֶן ת׳.

**שטיינקייל**, פַּחֲמֵי־אֶבֶן ז״ר.

**שטיינרייך**, עָשִׁיר מְאֹד.

**שטיינשלייפער**, לוֹטֵשׁ אֲבָנִים ז׳.

**שטיינשניידער**, ר׳ גראַווירער.

**שטייער**, 1) ר׳ פּאָדאַטקעס. געבען צו שטייער: הִשְׁתַּתֵּף בְּכַסְפּוֹ בְּ —; 2) ר׳ רודער.

**שטייערן**, 1) ר׳ רודערן; 2) הַכְנֵס —, שַׁלֵּם מַס.

**שטייף**, לֹא גָּמִישׁ, לֹא נִכְפָּף, קָשֶׁה ת׳. זיין זעהר שטייף ביי זיך: הָיֹה גֵּא מְאֹד.

**שטיך**, ר׳ שטאָך.

**שטיבי**, כִּידוֹן ז׳, חֲנִית נ׳. זיין נאַ שטיבי מיט אימעצן: מִלְחָמָה תְּמִידִית בֵּינֵיהֶם, שִׂנְאָה עוֹלָמִית שׂוֹרֶרֶת בֵּינֵיהֶם.

**שטיל**, חֲרִישִׁי, שָׁקֵט ת׳. אין דער שטיל: בְּלַחַשׁ. שטילע וואַסער גראָבט טיף: יִרְפָּא יָשֵׁחַ וְנָפַל בַּעֲצוּמָיו חֵלְכָּאִים.

**שטילען**, הָשֵׁךְ, הַשְׁקֵט, הַחֲשֵׁה, עָצֹר בְּעַד —, שַׁתֵּק, הַשְׁתֵּק, הַסֵּה. שטילען איינעמ׳ס צאָרן: הָסֵר —, הָשֵׁךְ חֲמַת —.

**שטילקייט**, דּוּמִיָּה, דְּמָמָה נ׳, שֶׁקֶט ז׳.

**שטילשווייגען**, ר׳ שווייגען.

**שטילשטאַנד**, הַשְׁבָּתָה, שְׁבִיתָה נ׳, הַפְסֵק, מַעֲצוֹר ז׳.

**שטימע**, 1) קוֹל ז׳; 2) דֵּעָה נ׳, קוֹל (בבחירה) ז׳.

**שטימען**, 1) ר׳ צישטימען; 2) חַוֵּה דֵעָה (בבחירה); 3) כַּוֵּן, כּוֹנֵן (כלי נגינה).

**שטימער**, מְכוֹנֵן (כלי נגינה) ז׳.

**שטימצעטעל**, פִּתְקַת הַבְּחִירָה —, הַבְּרֵרָה נ׳.

**שטימרעכט**, זְכוּת לְחַוּוֹת דֵּעָה.

**שטינקען**, בָּאֹשׁ, הַבְאֵשׁ, סָרֹחַ, הַסְרֵחַ פ״י.

**שטינקע**, מִין דָּג.

**שטינקעדיג**, מַבְאִישׁ, מַסְרִיחַ ת׳.

**שטינקער**, אָדָם מַסְרִיחַ.

**שטינקפּאַס**, 1) כְּלִי מַסְרִיחַ; 2) ר׳ שטינקער.

**שטיפפאָטער**, אָב חוֹרֵג ז׳.

**שטיפברודער**, אָח חוֹרֵג ז׳.

**שטיפמוטער**, אֵם חוֹרֶגֶת נ׳.

**שטיפצן**, הִתְהוֹלֵל, הִשְׁתּוֹבֵב.

**שטיפער**, הוֹלֵל, מִתְהוֹלֵל, שׁוֹבָב ז׳.

**שטיפקינד**, בֵּן חוֹרֵג, בַּת חוֹרֶגֶת.

**שטיפשוועסטער**, אָחוֹת חוֹרֶגֶת נ׳.

**שטיפט**, מַסְמֵר קָטֹן ז׳.

**שטיצע**, ר׳ אונטערשטיצונג.

**שטיצען**, ר׳ אונטערשטיצען.

**שטיק**, 1) חֲתִיכָה נ׳, גֶּזֶר ז׳; 2) מַהֲנֶה ז׳; 3) מַעֲשֶׂה שֶׁל חֲרִיצוּת.

**שטיקגאַז**, חַנְקָן ז׳.

**שטיקהוסט**, ר׳ קאָקליוש.

**שטיקלען**, ר׳ ציברעכען.

**שטיקשטאָף**, ר׳ שטיקגאַז.

**שטיקען**, 1) חָנֹק, הַחֲנֵק פ״י; 2) ר׳ אויסנייהען.

**שטירצען**, הַשְׁלֵךְ, הָפֹךְ, הָרֹס, הַחֲרֵב פ״י.

**שטעג**, נָתִיב, מִשְׁעוֹל, מַעְגָּל, שְׁבִיל ז׳, מְסִלָּה.

נְתִיבָה נ׳,
שטעדטיש, ר׳ שטאָדטיש.
שטעדטיל, עִיר קְטַנָּה, עֲיָרָה נ׳.
שטעהען, עָמֹד פ״י. אויף דאָס זייניגע שטעהן : עָמֹד עַל דַּעְתּוֹ. דער טייך שטעהט : הַנָּהָר קָפָא —, נִקְפָּא —, נִגְלָד,
שטעהענדיג, עוֹמֵד, נִצָּב ת׳. שטעהענדיגעס וואַסער : מַיִם לֹא נוֹזְלִים. שטעהענדיגער קראַגען : צַוָּרוֹן זָקוּף.
שטעכעלקע, ר׳ שטאַכעל.
שטעכען, דָּקֹר, נָקֹב, עָקֹץ, הַמְאֵר פ״י.
שטעכיג, עוֹקֵץ, מַמְאִיר ת׳.
שטעכער, ר׳ גראַווירער. צאָהנשטעכער : מְנַקִּית שִׁנַּיִם.
שטעל, ר׳ אָרט.
שטעלונג, הַעֲמָדָה, הַצָּבָה נ׳.
שטעלען, הַעֲמֵד, הַצֵּב, הַצֵּג, שִׂים פ״י. אַ פראַגע שטעלען : הַצֵּג שְׁאֵלָה. פיאַווקעס שטעלען : שִׂים עֲלוּקוֹת עַל —. אַלס מוסטער שטעלען : הַצֵּג לְמוֹפֵת. באַנקעס שטעלען : הַקֵּז דַּם בְּקַרְנוֹת. צופרידען שטעלען : הַשְׂבֵּעַ רָצוֹן. זיך שטעלען געגען : הִתְנַגֵּד, הִתְיַצֵּב בִּפְנֵי —.
שטעלער, [1]) ר׳ אָרט ; [2]) פְּקוּדָה, מִשְׁמֶרֶת, מִשְׂרָה נ׳, מַעֲמָד מַצָּב ז׳. פערטרעטען אימעצענס שטעלע : מַלֵּא מְקוֹם —.
שטעלפערטרעטער, מְמַלֵּא מְקוֹם — ז׳.
שטעלצע, ר׳ שטאָלצע.
שטעמפלען, חָתֹם פ״י.
שטעמפעל, חוֹתָם ז׳, גּוּשְׁפַּנְקָה נ׳.
שטענגעל, גִּבְעוֹל, קֶלַח, קָנֶה ז׳.
שטענדיג, תָּמִיד, תָּדִיר ת׳ ותה״פ.
שטענדער, עַמּוּד הַקְּרִיאָה ז׳.
שטעפען, שַׁלֵּל, תַּפֵּר פ״י.
שטעפער, שׁוֹלֵל, מְתַפֵּר ז׳.
שטעקעל, כַּמַּקֵּל ז׳.
שטעקעלע, כַּמַּקֵּל קָטֹן ז׳.
שטעקען, נָעֹץ, תָּחֹב, שִׂים פ״י. אין איהם שטעקט כל־בו : הוּא כֻּלּוֹ סָג, כָּל הַמִּדּוֹת הָרָעוֹת הִתְדַּבְּקוּ בוֹ. וואָס שטעקט אין דעם ? מַה צָּפוּן בָּזֶה ? זיך שטעקען אין אַן אַנדערנ׳ס עסקים : הִתְעָרֵב בְּעִסְקֵי —, בְּעִנְיְנֵי זָר. שטעק זיך ניט ! דְּאַג לְנַפְשְׁךָ !
שטעקען, מַטֶּה, מַקֵּל, שֵׁבֶט ז׳, מִשְׁעֶנֶת נ׳.
שטער, ר׳ הינדערניס.
שטערבליך, בֶּן־חֲלוֹף, בֶּן־תְּמוּתָה, בָּשָׂר וָדָם ז׳.
שטערבליכקייט, מָוֶת ז׳, מִיתָה, תְּמוּתָה נ׳.
שטערונג, ר׳ הינדערניס.
שטערן, [1]) ר׳ הינדערן ; [2]) מֵצַח ז׳ ; [3]) כּוֹכָב ז׳.
שטערנזעהער, חוֹזֶה־בַּכּוֹכָבִים, אִצְטַגְנִין ז׳.
שטערענזעהעריי, אַסְטְרוֹלוֹגְיָה, אִצְטַגְנִינוּת נ׳.
שטערנקענער, ר׳ אַסטראָנאָם.
שטערנקענשאַפט, ר׳ אסטראָנאָמיע.
שטערען, ר׳ הינדערן.
שטערצעל, צָמִיד, כִּסּוּי ז׳.
שטראַהל, קַו — קֶרֶן אוֹר, דֹּקֶרֶן ז׳.
שטראַהלען, הָפֵץ קַוֵּי —, קַרְנֵי אוֹר.
שטראַהלענד, מֵפִיץ קַרְנֵי אוֹר, זוֹרֵחַ ת׳.
שטראָם, זֶרֶם, שֶׁטֶף הַנָּהָר ז׳, נְזִילָה נ׳.
שטראָמען, זָרֹם, נָזֹל, שָׁטֹף פ״י.
שטראַם, ר׳ גראַם. גראַם־שטראַם : חֲרוּזִים שֶׁאֵין בָּהֶם רוּחַ הַשִּׁירָה.
שטראַנד, ר׳ ברעג [1].
שטראַנדען, בֹּא —, רוּץ אֶל הַחוֹף.
שטראַסע, ר׳ גאַס.
שטראָף, עֹנֶשׁ, מוּסָר, שֶׁפֶט, קְנָס ז׳, פֻּרְעָנוּת נ׳.
שטראָפען, עֲנֹשׁ, יַסֵּר, קָנֹס פ״י.
שטראַפירען, ר׳ שטראָפען.
שטרוי, קַשׁ, תֶּבֶן ז׳.
שטרויזאַק, שַׂק תֶּבֶן ז׳.
שטרויהעלע, קֶלַח אֶחָד שֶׁל קַשׁ.
שטרויהענער, שֶׁל תֶּבֶן ת׳. אַ שטרויהענער קאָזאַק : גִּבּוֹר בִּלְשׁוֹן סַגִּי נְהוֹר.
שטרויכלונג, מִכְשׁוֹל, נֶגֶף ז׳, מַכְשֵׁלָה נ׳.
שטרויכלען, הִכָּשֵׁל —, הִתְנַגֵּף —, נָגֹף בְּ—
שטרויס, בַּת־יַעֲנָה, נ׳, יָעֵן ז׳.
שטרויספעדער, נוֹצַת בַּת־הַיַּעֲנָה נ׳.
שטרייט, [1]) ר׳ קאַמפף ; [2]) וִכּוּחַ, דִּין וּדְבָרִים.

רִיב ז׳, מַחֲלֹקֶת, קְטָטָה, תִּגְרָה נ׳.
שטרייטזיכטיג, נוֹטֶה לְהִתְוַכֵּחַ —, לָרִיב ת׳.
שטרייטיג, מֻטָּל בְּסָפֵק ת׳.
שטרייטיגקייט, ר׳ שטרייט.
שטרייטען, הִתְוַכֵּחַ —, רִיב עִם —, נִצֵּחַ זֶה אֶת זֶה בְּ —.
שטרייטער, אִישׁ רִיב, מִתְוַכֵּחַ ז׳.
שטרייכען, ר׳ פערשטרייכען.
שטריימעל, מִצְנֶפֶת עוֹר נ׳.
שטרייף, קַו ז׳, רְצוּעָה, שׁוּרָה נ׳.
שטרייפען, עָשָׂה רְצוּעוֹת רְצוּעוֹת —, קַוִּים קַוִּים.
שטריך, קַו, רֹשֶׁם, שִׂרְטוּט, תָּו ז׳.
שטריכלען, הֶעֱבִיר —, עָשָׂה קַוִּים, שִׂרְטֵט פ״י.
שטריק, חֶבֶל ז׳.
שטריקעל, חֶבֶל דַּק ז׳.
שטריקען, טָרֹס, צָנֹר פ״י.
שטריקעריי, טְרִיסָה נ׳.
שטריקערין, טַרְסִים, צוֹנֶרֶת נ׳.
שטרעבונג, שְׁאִיפָה, מְגַמָּה, תְּשׁוּקָה נ׳.
שטרעבען, שָׁאֹף, הִשְׁתּוֹקֵק אַחֲרֵי —.
שטרענג, חָמוּר, עַז, קָשֶׁה ת׳.
שטרענגקייט, חֻמְרָה נ׳, עֹז ז׳, קָשׁוּת נ׳.
שטרעקע, מֶרְחָק, רֶוַח ז׳.
שטרעקען, נָטֹה, פָּשֹׁט פ״י. זיך שטרעקען: הִתְפַּשֵּׁט, הִנָּטֵה, הִשְׁתַּטֵּחַ.
שטשאַבען, תָּפֹר תְּפִירוֹת גַּסּוֹת.
שטשאַוו, ר׳ שטשאַוויי.
שטשאַוויי, חָמִיר ז׳.
שטשאָט, ר׳ רעכנונג.
שטשאָך, מַשְׁתִּין בְּמִטָּה ז׳.
שטשאָכען, הַשְׁתֵּן בַּמִּטָּה.
שטשופלע, דַּק, רַךְ ת׳.
שטשופלעקייט, דַּקּוּת נ׳, רֹךְ ז׳.
שטשופען, ר׳ קנייפען.
שטשור, ר׳ ראַץ.
שטשימען, [1]) לָחֹץ בֵּין; [2]) חָרֹק שִׁנָּיו.
שטשיפען ר׳ קנייפען.
שטשיפצעס, ר׳ צוואַנג.
שטשירע, ר׳ שטשערע.
שטשירען, גַּלֵּה הַשִּׁנַּיִם.
שטשירעץ, מַגֶּבֶת שֶׁל חֲדַר הַמְּבַשְּׁלִים.
שטשעפען, הַבְרֵךְ, הַרְכֵּב. שטשעפען פאָקען: הַרְכֵּב אֲבַעְבֻּעוֹת. שטשעפען צווייגעלאך: הַרְכֵּב עֲנָפִים בָּעֵץ.
שטשערב, חֲרִיקָה, פְּגִימָה נ׳.
שטשערבאַטע, פָּגוּם ת׳.
שטשערבען, פָּגֹם פ״י.
שטשערווע, ר׳ כצערווע.
שטשערע, נֶאֱמָן ת׳.
שיבעס, דָּבָר קַל הָעֵרֶךְ.
שיטניצע, ר׳ סיטניצע.
שיטען, זָרֹק, פַּזֵּר, שָׁפֹךְ פ״י. שיטען זאַלץ אויף די וואונדען: זָרֹה מֶלַח עַל פִּצְעֵי —. שיטען זאַלץ אויפ׳ן עק: עָמֹל לַשָּׁוְא. שיטען געלד: פַּזֵּר —, בַּזְבֵּז כֶּסֶף.
שיטער, לֹא עָב, קָלוּשׁ ת׳.
שייגעץ, [1]) נַעַר נוֹצְרִי; [2]) חָצוּף, עַז פָּנִים ז׳.
שייד, נַרְתִּיק, תִּיק (של חפצים), נָדָן, תַּעַר ז׳.
שיידוואַנד, ר׳ פאַראַוואַן.
שיידוועג, פָּרָשַׁת דְּרָכִים, אֵם דְּרָכִים נ׳, פֶּרֶק ז׳.
שיידונג, פְּרִידָה, פְּרִישָׁה נ׳, פֵּרוּד ז׳.
שיידעל, ר׳ שייד.
שיידען, הַפְרֵד. זיך שיידען: הִפָּרֵד אִישׁ מֵעַל רֵעֵהוּ.
שייט, ר׳ שייטעל.
שייטעל, גֶּזֶר עֵץ, גְּזִיר־עֵץ ז׳. ניט קענען קיין שייטעל עברי: בְּלִי דַעַת קְרֹא עִבְרִית.
שייטעל, ר׳ פאַריק.
שיילען, ר׳ אָבשיילען.
שיין, זֹהַר, נֹגַהּ ז׳, הוֹפָעָה, זְרִיחָה, יִפְעָה נ׳.
שיינען, הַבְרֵק, הַזְהֵר, הוֹפֵעַ, זָרֹחַ, נָגֹהַּ פ״י.
שיינק, בֵּית מַרְזֵחַ, בֵּית מַשְׁקֶה ז׳, מַסְבָּאָה נ׳.
שיינקער, בַּעַל בֵּית מַרְזֵחַ —, מַשְׁקֶה, סַבָּא ז׳.
שייער, גֹּרֶן ז׳.
שייערן, מָרֹק פ״י.
שיכט, נִדְבָּךְ ז׳, שִׁכְבָה נ׳.
שילד, [1]) ר׳ פאַנצער; [2]) צִיּוּן, שֶׁלֶט ז׳.
שילדערונג, ר׳ בעשרייבונג.
שילדערן, ר׳ בעשרייבען.
שילדקרעט, צַב הַשִּׁרְיוֹן ז׳.

שילט, ר׳ שילד.

שילטען, אָרֹר, קַלֵּל פ״י.

שילינג, פְּרוּטָה (שלישית המטבע, גראָשען) נ׳. ניט ווערטה קיין צורבראָכענעם שילינג: פָּחוּת מִשָּׁוֶה פְּרוּטָה. מען קען איהם ווי אַ בייזען שילינג: הוּא מְפוּרְסָם לִגְנַאי.

שילער, תַּלְמִיד ז׳.

שילערין, תַּלְמִידָה נ׳.

שימלען, עָבֹש, הִתְעַפֵּשׁ פ״י, הַעֲלֵה קוּמְנִית.

שימעל, עֹבֶשׁ, עִפּוּשׁ ז׳, יְרוֹקָה, קוּמְנִית נ׳.

שימפפוואָרט, נְאָצָה נ׳, גִּדּוּפִים, חֵרוּפִים ז״ר.

שימפפען, גַּדֵּף, חָרֵף פ״י.

שינדעל, גֵּב, לוּחַ גַּג ז׳, טְפִחָה נ׳.

שינדען, פָּשֹׁט, הַפְשֵׁט פ״י.

שינדער, פּוֹשֵׁט עוֹרוֹת ז׳.

שינדעריי, פְּשִׁיטַת —, הַפְשָׁטַת עוֹרוֹת.

שינקע, 1) אִיסְטִים (מין צבע כחל לכביסה) ז׳; 2) בְּשַׂר חֲזִיר.

שיסעל, קְעָרָה נ׳.

שיסעלע, קְעָרָה קְטַנָּה.

שיסען, יָרֹה, רַבֹּה, שַׁלַּח חֵץ פ״י.

שיספולווער, אֲבַק־שְׂרֵפָה ז׳.

שיער, כִּמְעַט תה״פ.

שיף, אֳנִיָּה, סְפִינָה נ׳, אֳנִי ז׳.

שיפברוך, שֶׁבֶר הָאֳנִיָּה ז׳.

שיפסבוי, מִבְנֵה אֳנִיּוֹת ז׳.

שיפסבויער, בּוֹנֵה אֳנִיּוֹת ז׳.

שיפע, מִין קֶלֶף.

שיפצן, לָחֹשׁ, לַחֵשׁ פ״י.

שיפען, נָסֹעַ —, הַפְלֵג בָּאֳנִיָּה, שׁוּט פ״י.

שיפער, מַלָּח, תּוֹפֵשׂ מָשׁוֹט ז׳.

שיפערשטיין, אֶבֶן פְּצָלוֹת, צִפַּחָה נ׳.

שיצען, הָגֵן עַל —, עֲמֹד לִימִין —, הַמְלֵץ בְּעַד —.

שיק, הֲדַר, חִין, יֹפִי, מַחְמָד ז׳.

שיקזאַל, גּוֹרָל ז׳, מְנָת, גְּזֵרָה נ׳.

שיקליך, הָגוּן, רָאוּי, נָאֶה ת׳.

שיקליכקייט, הֹגֶן ז׳.

שיקסע, נַעֲרָה נוֹצְרִית.

שיקען, שָׁלֹחַ, שַׁלֵּחַ פ״י.

שירם, ר׳ זאָנטשיק, פּאַראַסאָל.

שירמען, ר׳ שיצען.

שירץ, ר׳ פאַרטוך.

שישקע, 1) פִּקָּה נ׳, צְנֹבָר ז׳; 2) חֲבוּרָה נ׳; 3) פְּרִי אַשּׁוּחַ ז׳. ניט ווערט קיין שישקע: אֵינוֹ שָׁוֶה אַף קְלִיפַּת הַשּׁוּם.

שישקעוואַטע, מָלֵא פִּקּוֹת ת׳.

שלאַג, 1) מַכָּה נ׳; 2) נֶגַע ז׳. די צעהן שלעג פון מצרים: עֶשֶׂר מַכּוֹת שֶׁל מִצְרַיִם. קריגען דעם שלאַג: חָלֹה בְּמַחֲלַת הַשָּׁבָץ —, הַשִּׁתּוּק. אַ שלאַג פון גאָט: אֻמְלָל, מִסְכֵּן, פֶּגַע רָע.

שלאָגען, הַכֵּה, הָלֹם, סָטֹר פ״י. שלאָגען פור־טער: עֲשֹׂה חֶמְאָה. זיך שלאָגען: הֵאָבֵק, הִלָּחֵם. זיך שלאָגען מיט דער דעה: הָיֹה מְסֻפָּק, פָּסֹחַ עַל שְׁתֵּי הַסְּעִפִּים.

שלאַכט, מִלְחָמָה נ׳, קְרָב ז׳.

שלאַכטהויז, בֵּית הַמִּטְבָּחַיִם, מַקּוּלִין ז׳.

שלאַכטען, ר׳ קוילען.

שלאַכטער, ר׳ קוילער.

שלאַכטעריי, הֶרֶג, טֶבַח, קֶטֶל ז׳. טִבְחָה נ׳.

שלאַם, טִיט, יָוֵן, בֹּץ ז׳, בִּצָּה, חַלְמָה נ׳.

שלאַנג, נָחָשׁ ז׳.

שלאַנדערן, סָבֹב, שׁוֹטֵט פ״י.

שלאַנק, יְפֵה קוֹמָה ת׳.

שלאָס, 1) מַנְעוּל, מַסְגֵּר ז׳; 2) אַרְמוֹן ז׳, בִּירָה, בִּירָנִית, טִירָה נ׳.

שלאָסער, חָרַשׁ מַנְעוּלִים, חָרַשׁ־מַסְגֵּר, מַסְגֵּר ז׳.

שלאָסעריי, בֵּית חֲרֹשֶׁת מַנְעוּלִים ז׳.

שלאַף, חָלָשׁ, רַךְ, רָפֶה ת׳.

שלאָף, שֵׁנָה נ׳.

שלאָפבאַנק, מִטָּה נִשְׁפֶּת נ׳.

שלאָפמיץ, כֻּמְתָּה נ׳.

שלאָפען, יָשֹׁן פ״י.

שלאָפצימער, חֲדַר הַמִּשְׁכָּב —, הַמִּטּוֹת.

שלאַפקייט, ר׳ שוואַכקייט.

שלאָפראָק, בֶּגֶד אָרוֹךְ וְרָחָב לַבַּיִת, חָלָט ז׳.

שלאַק, שָׁבָץ, שִׁתּוּק ז׳. קריגען די שלאַק: חָלֹה בְּמַחֲלַת הַשָּׁבָץ —, הַשִּׁתּוּק.

שלאַקברעגען, מְטַר סוֹחֵף, גֶּשֶׁם שׁוֹטֵף.

שלויך, נֹאד, ז׳, חֵמֶת נ׳.

שלומער, נוּמָה, תְּנוּמָה נ׳.

**שלומערן**, נוּם פ״י.

**שלומפּיק**, ר׳ שמוציג.

**שלומפּער**, 1) שׁוּלֵי־בֶּגֶד מְגֹאָלִים —, מְטֻנָּפִים —, מְלֻכְלָכִים ; 2) שֶׁאֵינוֹ מַקְפִּיד עַל הַנִּקָּיוֹן, מְרֻשָּׁל, עַצְלָנִי ז׳.

**שלוס**, מַסְקָנָה נ׳, סוֹף דָּבָר.

**שלוק**, לֹגֶם ז׳, לוּגְמָא, לְגִימָה נ׳. אַ שלוק וואַסער : שְׁתֹה מְלֹא לוּגְמָא.

**שלוקעכץ**, שַׁהַק ז׳.

**שלוקעכצען**, שָׁהֵק פ״י.

**שלוקען** ר׳ שלינגען.

**שליאַען (זיך)**, הָלֹךְ בָּטֵל, שׁוֹטֵט פ״י.

**שליאַכציץ**, אָצִיל, שׁוֹעַ ז׳.

**שליאַמאַק**, ר׳ כלימאַק.

**שליאַק**, 1) קָצֶה —, זֵר —, שְׂפַת הָאָרִיג ; 2) רְצוּעַת הַמִּדָּה שֶׁל הַחַיָּט.

**שליוכאַטע**, עֵת גְּשָׁמִים נ׳, סַגְרִיר ז׳.

**שליטלען (זיך)**, נָסֹעַ בַּעֲגָלַת הַחֹרֶף.

**שליידער**, 1) כַּף־הַקֶּלַע, מַרְגֵּמָה נ׳, קֶלַע ז׳ ; 2) ר׳ וואָרף ; הַשְׁלָכָה, טַלְטֵלָה נ׳.

**שליידערן**, הַטֵּל, טַלְטֵל, זָרֹק בְּכֹחַ.

**שליים**, ר׳ פלעגמע.

**שליימיג**, מָלֵא לֵחַ —, לֵחָה —, רִיר ת׳.

**שלייף**, 1) רִקָּה, צִדְעָה נ׳, צֶדַע ז׳ ; 2) לוּלָאָה, עֲנִיבָה נ׳.

**שלייפען**, עָנֹב פ״י.

**שלייפען**, לָטֹשׁ פ״י.

**שלייפער**, לוֹטֵשׁ ז׳.

**שלייפשטיין**, ר׳ שאַרפשטיין.

**שלייער**, צָעִיף ז׳.

**שליטען**, עֲגָלַת הַחֹרֶף נ׳.

**שליטוועג**, דֶּרֶךְ טוֹבָה לַעֲגָלַת הַחֹרֶף.

**שליטשוך**, נַעַל בַּרְזֶל לְהַחֲלִיק עַל הַגָּלִיד.

**שלים**, רַע, מַר ת׳.

**שלים־מזל**, 1) מַזָּל רָע ; 2) אִישׁ שֶׁאֵין לוֹ מַזָּל. צום שלים־מזל : לַאֲסוֹנוֹ.

**שלים־מזל׳דיג**, שֶׁל שָׁעָה רָעָה, שֶׁל אֵיד, שֶׁל פֶּגַע ת׳.

**שלים־מזל׳ניק**, ר׳ שלים־מזל [2].

**שלימעזאַלניק**, ר׳ שלים־מזל [2].

**שלימעזאַלניצע**, אִשָּׁה שֶׁאֵין לָהּ מַזָּל.

**שלינג־און־שלאַנג**, בָּטֵל תה״פ. אומגעהן שלינג־און־שלאַנג : הָלֹךְ בָּטֵל.

**שלינגען**, בָּלֹעַ, גַּמֵּא, גַּמֵּעַ, לוֹעַ פ״י.

**שליסעל**, מַפְתֵּחַ ז׳.

**שליסעלע**, מַפְתֵּחַ קָטָן.

**שליסונג**, 1) סְגִירָה נ׳ ; 2) ר׳ בעענדיגונג.

**שליסען**, 1) סָגֹר, נָעֹל פ״י ; 2) ר׳ בעענדיגען. שליסען פרידען : עָשֹׂה שָׁלוֹם, כָּרֹת בְּרִית הַשָּׁלוֹם.

**שלעגער**, אִישׁ־מְדָנִים, שׁוֹאֵף קְרָבוֹת, מַכֶּה ז׳.

**שלעגעריי**, הַכָּאָה, מַצָּה נ׳.

**שלעכט**, ר׳ שלים. שלעכטע צייטען : עִתִּים רָעוֹת.

**שלעכטקייט**, מֹרַע, רֹעַ לֵב ז׳.

**שלעכטס**, רַע, רֶשַׁע ז׳, רָעָה נ׳.

**שלענגלען**, כָּרֹךְ, עַקֵּל, עַקֵּשׁ פ״י. זיך שלענגלען : הִלָּפֵת, הִתְעַקֵּל, הִתְפַּתֵּל.

**שלעפּע**, סֶרַח, שֹׁבֶל, שִׁפּוּל ז׳.

**שלעפּען**, גָּרֹר, מָשֹׁךְ, סָחֹב פ״י. זיך שלעפּען : הִגָּרֵר, הִמָּשֵׁךְ, הִסָּחֵב. זיך אַרומשלעפּען : הָלֹךְ הֵנָּה וָהֵנָּה, סָבֹב בַּחוּצוֹת בְּלִי תוֹעֶלֶת.

**שלעפּער**, ר׳ בעטלער.

**שלעפער**, אוֹהֵב לָנוּם, נִרְפֶּה, עָצֵל ז׳.

**שלעפעריג**, נוֹטֶה לָנוּם ; בִּתְנוּמָה עַל עֵינָיו, נִים וְלֹא נִים תה״פ.

**שלעפעריגקייט**, נוּמָה, נִמְנְמָנוּת נ׳.

**שלעפערן**, הָיֹה אָחוּז —, תְּקוּף שֵׁנָה.

**שמאָדער**, ר׳ שלומפּער [2].

**שמאַטע**, ר׳ טראַנטע.

**שמאַיע**, רֹק, רִיר ז׳, עס רינט איהם די שמאַיע פון מויל : רִירוֹ יוֹרֵד מִפִּיו.

**שמאַכטע**, אַפְסוּת נ׳, הֶבֶל, שָׁוְא, תֹּהוּ, אֶפֶס וָאַיִן, דָּבָר קַל הָעֵרֶךְ ז׳.

**שמאַכטען**, דָּאֹב, הִצְטַעֵר, הִתְעַנֵּה.

**שמאָל**, צַר, לֹא רָחָב ת׳. האַלטען שמאָל : הִסָּבֵךְ, הִסְתַּבֵּךְ, הָיֹה בְּסַכָּנָה, בֹּא בִמְבוּכָה, עָמֹד עַל עֶבְרֵי פִּי פַחַת, קָרוֹב קִצּוֹ.

**שמאָלקייט**, צָרוּת נ׳.

**שמאַלץ**, חֵלֶב, שׁוּמָן ז׳.

**שמאַלצגרוב**, אוֹצָר, עֹשֶׁר ז׳.

**שמאַלציג**, דָּשֵׁן, שָׁמֵן, מְמֻחָה ת׳.

**שמאַנט**, זְבָדָה נ׳.
**שמאָנצע**, ר׳ שמאָכטע.
**שמאָראַכץ**, בָּשָׂר מְקֻטָּר ז׳.
**שמאָרבראַטען**, ר׳ שמאָראַכץ.
שמאָרען, קַטֵּר פ״י.
שמאָרפאַן, מַחֲבַת נ׳.
**שמאַרצען**, חוּשׁ כְּאֵב —, מַכְאוֹב.
שמוגלען ר׳ הערייג׳גנב׳ענען.
שמוּיס, [1]) עוֹר חֻלְדָּה ; [2]) פֶּתִי, שׁוֹטֶה ז׳.
שמועס, שִׂיחָה נ׳.
שמועסען, שׂוֹחֵחַ אִישׁ עִם רֵעֵהוּ.
**שמוץ**, בֹּץ, טִיט, סְחִי, רֶפֶשׁ ז׳, חֶלְאָה, זֻהֲמָה נ׳.
**שמוציג**, מְגֹאָל, מְלֻכְלָךְ, צֹאִי ת׳.
שמוצען, זָהֹם, זַהֵם, טַנֵּף, גָּאֵל, לַכְלֵךְ.
שמוק, ר׳ צירונג.
שמוקלער, עוֹשֵׂה חוֹרֵי —, סַלְסָלָה —, סְבָכָה.
שמוקלעריי, עֲשִׂיַּת חוֹרֵי —, סַלְסָלָה —, סְבָכָה.
שמייגער ר׳ נאַר.
שמייכלען, [1]) הַחֲנֵף, הַחֲלֵק לָשׁוֹן, עָשֹׂה חֹנֶף לְ— ; [2]) צָחֹק צְחֹק קַל, גָּחֹךְ פ״י.
שמייכלער, מַחֲלִיק לָשׁוֹן, חָנֵף ז׳.
שמייכעליי, חֵלֶק שְׂפָתַיִם ז׳, חֲנוּפָה, חֲנִיפָה נ׳.
שמייכעל, צְחוֹק־קַל, גִּחוּךְ ז׳, בַּת־צְחוֹק נ׳.
**שמייסען**, [1]) הַלְקֵה —, יַסֵּר בְּשְׁבָטִים —, בְּשׁוֹטִים —, בִּרְצוּעָה ; [2]) הַשְׁלֵךְ, זָרֹק.
שמייסער, בַּלָּן, חַפָּן, מְשָׁרֵת בְּבֵית־מֶרְחָץ ; [2]) ר׳ קומשער.
**שמינקע**, פּוּךְ ז׳, אֲבָקָה נ׳.
שמינקען, זָרֹה אֲבָקָה עַל הַפָּנִים.
שמיד, חָרַשׁ בַּרְזֶל, נַפָּח, פֶּחָמִי ז׳.
שמידהאַמער, קֻרְנוֹס שֶׁל נַפָּח.
שמידעריי, ר׳ קוזשניצע.
שמידען, חָשֹׁל, נַגֵּר, חָרֹשׁ בַּרְזֶל פ״י. **שמידען** געלד: הַטְבֵּעַ, טַבֵּעַ כֶּסֶף.
**שמיר**, מְשִׁיחָה נ׳. געבען אַ שמיר: [1]) מָשֹׁחַ פַּעַם אַחַת עַל — ; [2]) הַכֵּה, הָלֹם.
**שמיראַכץ**, דֹּהַן ז׳, מִשְׁחָה נ׳.
שמירען, מָשֹׁחַ, סוּךְ פ״י.
**שמירער**, [1]) מְטַנֵּף, מְטַשְׁטֵשׁ, מְלַכְלֵךְ ז׳, [2]) כַּתְבָן ז׳.
שמירעריי, כַּתְבָנוּת נ׳.
שמיץ, מַלְקוּת נ׳.
שמיק, ר׳ סמיק.
**שמעגעגע**, ר׳ נאַר.
שמעטערן, נַפֵּץ פ״י.
שמעיה׳ן, מַהֵר, הִתְעַסֵּק בִּמְהִירוּת.
שמעלונג, ר׳ שמאָלקייט.
שמעלען, הָצֵר, עָשֹׂה צַר.
שמעלץ, מַתֶּכֶת נ׳.
**שמעלצאויוועז**, כּוּר, מַצְרֵף ז׳.
**שמעלצונג**, הַתָּכָה, יְצִיקָה נ׳.
**שמעלצען**, הַתֵּךְ, יָצֹק, נָסֹךְ פ״י.
שמעלקע, [1]) אִישׁ אֱמוּנָה —, סוֹד ; [2]) **אִישׁ** מְפֻרְסָם, זיין מיט אימעצען אַ שמעלקע: הָיֹה אִישׁ סוֹדוֹ. ער איז אַ גאַנצער שמעלקע: הוּא אִישׁ מְהֻלָּל —, מְפֻרְסָם.
שמענדערהאָץ, ר׳ אומגעלומפערט.
שמעק, רֵיחַ ז׳. געבען אַ שמעק: הָרֵיחַ. ניט ווערט קיין שמעק טאַבאַק: **אֵין לוֹ כָּל** עֵרֶךְ.
שמעקינג, הֲרָחָה נ׳.
שמעקטאַבאַק, טַבַּק לְהָרִיחַ.
**שמעקעדיג**, נוֹדֵף, נוֹתֵן רֵיחַ ת׳.
**שמעקען**, [1]) הָרֵיחַ ; [2]) טָעֹם.
שמערץ, כְּאֵב, מַכְאוֹב, מֵיחוּשׁ ז׳.
שמערצהאַפט, מַדְאִיב, מַכְאִיב, מְצַעֵר ת׳.
שמערצלאָז, בָּרִיא, **בְּלֹא** מַחֲלָה, **בְּלִי** מַכְאוֹב ת׳.
שמערצליך, ר׳ שמערצהאַפט.
שמערצען, חוּשׁ, כָּאֹב **פ״י, הַדְאֵב, הַכְאֵב, צַעֵר פ״י.**
שנאָבעל, פִּיד, מַקּוֹר ז׳.
שנאַפס, יֵין שָׂרוּף. טרינקען שנאַפס: שָׁתֹה יֵין שָׂרוּף. מאַכען אַ שנאַפס: **שָׁתֹה** כּוֹס יֵין שָׂרוּף.
שנאַפסען, שָׁתֹה יֵין **שָׂרוּף הַרְבֵּה.**
שנאַפסער, ר׳ פיאַניצע.
שנאַפסקאַפיטאַן, ר׳ פיאַניצע.
שנאָרך, נַחֲרָה נ׳.
שנאָרכען, נָחֹר **פ״י.**

שנאָרכער, נַחְרָן ז׳,
שנאָרען, ר׳ בעטלען.
שנאָרער, ר׳ בעטלער.
שנאָשקען, ר׳ שנאַפּסען.
שנויץ, פֶּה (חזיר), חַרְטוּם (פיל) ז׳,
שנוק, ר׳ סנוק.
שנור, חֶבֶל, חוּט, פְּתִיל, קַו ז׳, מְשִׁיחָה, תִּקְוָה נ׳,
שנור, אֲרוּסָה, כַּלָּה נ׳,
שנוראָווקע, ר׳ גאָרסעט.
שנורעווען, ר׳ פערבינדען.
שניט, חֲתָךְ, גְּזוּר ז׳. פון איין שניט: שֶׁל טִיב אֶחָד. אויף׳ן אַלטען שניט: כְּקֶדֶם, לְפִי הַמִּנְהָג הַיָּשָׁן, כְּמִנְהָגוֹ.
שניטהאַנדעל, מִסְחָר בְּאָרִיג,
שניטוואַרע, סְחוֹרַת הָאָרִיג,
שניטקראָם, חֲנוּת שֶׁל סְחוֹרַת הָאָרִיג,
שניטקרעמער, סוֹחֵר בִּסְחוֹרַת הָאָרִיג,
שניי, שֶׁלֶג, תֶּלֶג ז׳,
שנייאיג, מְכֻסֶּה שֶׁלֶג ת׳,
שניידיג, חַד, חָרִיף ת׳.
שניידען, גָּזוֹר, חָתֹךְ, כָּרֹת פ״י, שניידען ביי׳ן הארצען: יִכְאַב הַלֵּב. עס שניידט זיך אַ שטעלע: פְּקוּדָה —, מִשְׂרָה נִשְׁקֶפֶת לוֹ. עס שניידען זיך צייהנער: שִׁנַּיִם מַתְחִילוֹת לִצְמֹחַ.
שניידער, חַיָּט ז׳,
שניידעריי, מְלֶאכֶת הַחַיָּט, חַיָּטוּת ז׳,
שניידערין, חַיֶּטֶת, חַיֶּטֶת, חַיָּטָנִית, תּוֹפֶרֶת בְּגָדִים,
שניידערקע, ר׳ שניידערין,
שנייעלע, גַּרְגַּר —, רְסִיס שֶׁלֶג ז׳,
שנייען, הַשְׁלֵג פ״י, עס שנייט: הַשֶּׁלֶג יוֹרֵד,
שנייצען, ר׳ אָבשנייצען, אויסשנייצען,
שניפּס, ר׳ קראַוואַט.
שניצמעסער, חֶרֶט, מַגְלֵף ז׳, סֶכֶּת נ׳,
שניצען, גָּלֹף, חָצֹב, חָרֹת, חָקֹק, פַּתֵּחַ פ״י,
שניצער, גַּלָּף, מְגַלֵּף, מְחוֹקֵק, מְפַתֵּחַ ז׳,
שנירען, ר׳ פערשנירען,
שנעל, מָהִיר, נִמְהָר, שׁוֹטֵף בִּמְהִירוּת ת׳.
שנעל, סְטִירָה עַל הַחֹטֶם. געבען אַ שנעל אין נאָז: סָטֹר עַל הַחֹטֶם,

שנעלצוג, מַסַּע־הַמָּהִיר ז׳,
שנעלקייט, מְהִירוּת, זְרִיזוּת, חֲרִיפוּת נ׳,
שנעע, ר׳ שניי,
שנעעאיג, ר׳ שנייאיג,
שנעעלע, ר׳ שנייעלע.
שנעען, ר׳ שנייען,
שנעק, בְּרִיָּה נ׳, צִיר ז׳. אַזאַ קליינער שנעק: בְּרִיָּה קְטַנָּה כָּזֹאת.
שעדיגען, ר׳ שאַדען,
שעדליך, מַזִּיק, מַשְׁחִית, קָשֶׁה ת׳,
שעדליכקייט, רָעָה נ׳, רֹעַ ז׳,
שעהן, יָפֶה, נָאֶה, שַׁפִּיר ת׳,
שעהנען ר׳ בעפוצען,
שעטקעווען, ר׳ שניידען,
שעכטען, ר׳ קוילען,
שעכטער, ר׳ קוילער,
שעלטען, ר׳ שילטען,
שעלמאַק, ר׳ שווינדלער,
שעמעדיג, בַּיְשָׁן, נִכְלָם, שְׁפַל־רוּחַ ז׳,
שעמעדיגקייט, בַּיְשָׁנוּת, בֹּשֶׁת פָּנִים נ׳,
שעמען (זיך), הִכָּלֵם, הִתְבַּיֵּשׁ, בּוֹשׁ פ״י,
שענדונג, חִלּוּל, שִׁקּוּץ ז׳, פְּרִיצוּת נ׳,
שענדליך, גָּרוּעַ, טָמֵא, מְשֻׁקָּץ, נִתְעָב ת׳,
שענדליכקייט, חִלּוּל, שֶׁקֶץ ז׳, תּוֹעֵבָה נ׳,
שענדען, גָּאֵל, חַלֵּל, טַמֵּא, שַׁקֵּץ פ״י.
שענדער, מְגָאֵל, מְחַלֵּל ז׳,
שענק, ר׳ שיינק.
שענקען, [1]) נָתֹן מַתָּנָה ; [2]) מָכֹר מַשְׁקֶה,
שענקער, ר׳ שיינקער,
שעף, נְשִׂיא —, רֹאשׁ הַ —.
שעפּטשען, הַהְגֵּה, לָחֹשׁ, מַלְמֵל פ״י.
שעפּס, כֶּבֶשׂ, שֶׂה ז׳, רָחֵל, כִּבְשָׂה נ׳,
שעפּסענע, שֶׁל כֶּבֶשׂ ת׳,
שעפּסענפלייש, בְּשַׂר כֶּבֶשׂ ז׳,
שעפּעל, פִּטָּם ז׳,
שעפּעלע, [1]) פִּטָּם קָטָן ; [2]) כֶּבֶשׂ קָטָן,
שעפּען, שָׁאֹב, דָּלֹה, חָשֹׂף פ״י, שעפּען לופט: שָׁאֹף רוּחַ. שעפּען נחת: קַבֵּל נַחַת, הִתְעַנֵּג עַל —,
שעפער, רוֹעֶה ז׳,
שעפערין, רוֹעָה נ׳,

שעצונג, ר׳ אָבשאַצונג.
שעצבאַר, חָשׁוּב, יָקָר, רַב הַמְּחִיר ת׳.
שעצען, 1) ר׳ אָבשאַצען ; 2) הוֹקִיר, חָשַׁב, כִּבֵּד פ״י.
שעקירען, ר׳ שפאַסען.
שער, מִסְפָּרַיִם זו״ג ז׳.
שערעל, מִסְפָּרַיִם קְטַנִּים.
שערען, גָּזַז, סִפֵּר, כָּסַם שְׂעַר הָרֹאשׁ זיך שערען : הִסְתַּפֵּר.
שערענגע, שְׁדֵרָה, שׁוּרָה נ׳.
שערער, ר׳ צירולניק.
שפאַגאַט, ר׳ שנור.
שפאָט, לִגְלוּג, לַעַג ז׳, שְׁנִינָה נ׳. מאַכען שפאָט : הַלְעֵג עַל —, הִתְלוֹצֵץ, הִתְקַלֵּס בְּ —, לַגְלֵג. שפאָט ביליג : בְּזוֹל גָּדוֹל.
שפאָטיש, לוֹעֵג, מְלַגְלֵג ת׳.
שפאָטען, הַלְעֵג עַל —, הִתְלוֹצֵץ, הִתְקַלֵּס בְּ —, לַגְלֵג.
שפאָטער, לֵץ, לַיְצָן, לוֹגְלְגָן ז׳.
שפאַלט, 1) בֶּקַע, בֶּדֶק, חָגָו, סֶדֶק, פֶּקַע ז׳ ; 2) עַמּוּד ז׳.
שפאַלטונג, 1) בְּקִיעָה נ׳ ; 2) פֵּרוּד ז׳, הִתְפַּלְּגוּת, הִתְנַגְּדוּת נ׳.
שפאַלטען, ר׳ צושפאַלטען.
שפאָן, כָּפִּים, צְרוֹר, קֵסֶם, שֶׁבָב ז׳, בְּקַעַת נ׳.
שפאַן, זֶרֶת נ׳.
שפאַניש, סְפָרַדִּי ת׳. אַ שפאַנישע פליג : זְבוּב סְפָרַדִּי.
שפאַנען, 1) אָסֹר סוּס, רָתֹם פ״י ; 2) צָעֹד צְעָדִים גַּסִּים, פָּסֹעַ פְּסִיעוֹת גַּסּוֹת.
שפאַנענד, לוֹקֵחַ—, מוֹשֵׁךְ לֵב, מְצוֹדֵד נֶפֶשׁ ת׳.
שפאָנקע, אַבְזָם ז׳, פִּרְפָּה נ׳.
שפאַס, בְּדִיחָה, כַּתָּבוּת, הֲלָצָה, לֵיצָנוּת, מַהֲתַלָּה נ׳, לָצוֹן, צְחוֹק ז׳.
שפאַסיג, הֲלָצִי, הִתּוּלִי, לֵיצָנִי ת׳.
שפאַסמאַכער, בַּדְחָן, גַּחְכָּן, לֵץ, לֵיצָן, מְהַתֵּל ת׳.
שפאַסען, הַתֵּל, הִתְלוֹצֵץ.
שפאַציר, טִיּוּל ז׳. מאַכען אַ שפאַציר : טַיֵּל, הָלֹךְ לְטַיֵּל.
שפאַצירגאַנג, ר׳ שפאַציר.

שפאַצירגאָרטען, גַּן הַטִּיּוּל.
שפאַצירען, טַיֵּל, הָלֹךְ לְטַיֵּל.
שפאַרונג, ר׳ שפאַלט 1.
שפאַרזאַם, זָהִיר, מְסַכֵּן, מְקַמֵּץ ת׳.
שפאַרזאַמקייט, זְהִירוּת נ׳, חִסָּכוֹן, צִמְצוּם, קִמּוּץ ז׳.
שפאַרע, דָּרְבָן ז׳. אַ יונג מיט שפאָרען : אִישׁ אַמִּיץ הַלֵּב.
שפאָרעווידיג, בְּהַצְלָחָה תה״פ.
שפאָרען, ר׳ אָבשפאָרען.
שפאַרען, ר׳ שטופען. זיך שפאַרען : הִתְוַכֵּחַ —, רִיב עִם —, נַצֵּחַ זֶה אֶת זֶה בְּ —.
שפאַרענעס 1) דֹּחַק ז׳, דְּחִיקַת הָמוֹן רָב ; 2) וִכּוּחַ, רִיב ז׳, דִּין וּדְבָרִים, מַחֲלֹקֶת נ׳.
שפאָרקאַסע, קֻפַּת־חִסָּכוֹן נ׳.
שפול, ר׳ שפולקע.
שפולען, כָּרֹךְ —, הַעֲלֵה חוּטִים עַל —.
שפולקע, נִיר, סָלִיל ז׳.
שפונד, ר׳ שפונט.
שפונט, ר׳ קאָרק.
שפונטעווען, ר׳ קאָרקעווען.
שפור, עָקֵב, רֹשֶׁם ז׳, קיין שפיר איז פון איהם געבליבען : עִקְּבוֹתָיו לֹא נוֹדָעוּ.
שפיאָן, מְרַגֵּל ז׳.
שפיאָנירען, רַגֵּל פ״י.
שפיטאָל, ר׳ באָלניצע.
שפיאַכץ, ר׳ שפייעכץ.
שפייז, מָזוֹן, אֹכֶל ז׳.
שפייזאַלמער, אוֹצָר, מְזָוֶה ז׳.
שפייזען, הַאֲכֵל, זוּן, כַּלְכֵּל, פַּרְנֵס פ״י.
שפייזצימער, חֲדַר הָאֹכֶל ז׳.
שפייזקרעמער, מַחֲזִיק חֲנוּת־כֹּלֶת.
שפייזרעהר, וֶשֶׁט ז׳.
שפייך, חִשּׁוּק (באופן העגלה) ז׳.
שפייכלער, אַמְבָּר, אָסָם ז׳, מְגוּרָה נ׳.
שפייכלערן, אָסֹף —, הָבֵא אֶל הַמְּגוּרָה
שפייעכץ, רֹק, רִיר הַפֶּה ז׳.
שפייען, יָרֹק, רָקֹק, תּוּף פ״י.
שפייער, מַרְבֶּה לָרֹק, רַקְקָן ז׳.
שפייקעסטעל, כְּלִי הָרְקִיקָה, עָבִיט שֶׁל רֹק ז׳, רְקָקִית נ׳.

שפיליען, ר׳ צושפיליען.
שפילקע, מַכְבֶּנֶת נ׳. זיצען אויף שפילקעס : חַכֵּה בְּקֹצֶר רוּחַ.
שפילקענע, שֶׁל מַכְבֶּנֶת ת׳. שפילקענע קעפעל : רֹאשׁ הַמַּכְבֶּנֶת.
שפין, עַכָּבִישׁ ז׳.
שפינדעל, כִּישׁוֹר, כּוּשׁ, פֶּלֶךְ ז׳.
שפינוועב, קוּרֵי עַכָּבִישׁ ז״ר.
שפינוועבעכץ, ר׳ שפינוועב.
שפינמאַשין, מְכוֹנָה לְטְוִיָּה נ׳.
שפינען, טָוֹה פ״י.
שפינער, טֹוֶה ז׳.
שפינעריי, בֵּית־טְוִיָּה ז׳, חֲרֹשֶׁת טְוִיָּה נ׳.
שפינערין, טֹוָה נ׳.
שפיגלונג, ר׳ אָבשפיגלונג.
שפיגלען, ר׳ אָבשפיגלען.
שפיגעל, גִּלָּיוֹן, רְאִי ז׳, מַרְאָה נ׳.
שפיז, כִּידוֹן, רֹמַח ז׳, חֲנִית נ׳.
שפיזעל, מַחַט הַטְּרִיסָה ז׳.
שפיל, מִשְׂחָק, שְׂחוֹק ז׳ ; נִגּוּן ז׳.
שפילען, 1) נַגֵּן פ״. ; 2) הִשְׁתַּעֲשֵׁעַ, שַׂחֵק.
שפילענדיג, מְשַׁעֲשֵׁעַ, עָלֵז ת׳.
שפילער, 1) מְנַגֵּן ז׳ ; 2) ר׳ קאָרטענשפילער.
שפילצייג, כְּלֵי־מִשְׂחָק, צַעֲצֻעַ ז׳.
שפילעריי, ר׳ שפיל.
שפיץ, חוּד, קָצֶה, רֹאשׁ ז׳.
שפיציג, בַּעַל קָצֶה חַד ת׳.
שפיצען, הַשְׁחֵז —, חַדֵּד הַקָּצֶה.
שפיצפינגער, רֹאשׁ הָאֶצְבַּע. געהן אויף די שפיצפינגער : צְעֹד עַל אֶצְבְּעוֹת הָרַגְלַיִם.
שפירהונד, כֶּלֶב מְחַפֵּשׂ —, מֵרִיחַ.
שפירט, ר׳ אַלקאָהאָל.
שפירען, הַרְגֵּשׁ, חוּשׁ, מַ נֵּס, יָדֹעַ פ״י.
שפליטער, ר׳ שפאָן.
שפליטערן, בַּקֵּעַ שְׁבָבִים.
שפעט, אָפִיל, מְאֻחָר ת׳.
שפעטיג, הַבָּא לְאַחֲרוֹנָה. דאָס איז אַ שפעטי־גע זאַך : זֶה יָבֹא לְאַחֲרוֹנָה.
שפעטסטענס, לֹא יְאֻחַר מִ —.
שפעטיגען (זיך), אַחֵר הַמּוֹעֵד, בּוֹשֵׁשׁ, יַחֵר פ״י.

שפעצעריי, מִינֵי מַכֹּלֶת ; בְּשָׂמִים ז״ר.
שפעק, שׁוּמַן חֲזִיר ז׳.
שפערלינג, אַנְקוֹר ז׳.
שפראַך, לָשׁוֹן, שָׂפָה נ׳.
שפראַכוויסענשאַפט, ר׳ פילאָלאָגיע.
שפראַכליך, מִלּוּלִי ת׳.
שפראַכפאָרשונג ר׳ פילאָלאָגיע.
שפראַכפאָרשער, ר׳ פילאָלאָג.
שפראַכקענער, בַּלְשָׁן, יוֹדֵעַ לְשׁוֹנוֹת ז׳.
שפראָץ, ר׳ שפראָצונג.
שפראָצונג, צְמִיחָה נ׳.
שפראָצען, צָמֹחַ פ״י, הַכֵּה שֹׁרֶשׁ.
שפרוך, מָשָׁל, פִּתְגָּם ז׳, הַיְנוּ דְּאַמְרִי אִינְשֵׁי.
שפרונג, קְפִיצָה, דְּהָרָה נ׳, דִּלּוּג ז׳.
שפריי, ר׳ פליעווע.
שפרייז, ר׳ טריט.
שפרייזהעלצעל, גֹּוֶר עֵץ לִסְתֹּם הַפֶּה.
שפרייזען, צָעֹד פ״י.
שפריינקלען, ר׳ שפרענקלען.
שפריינקעל, ר׳ שפרענקעל.
שפריכוואָרט, ר׳ שפרוך.
שפרינגען, דָּהֹר, דַּלֵּג, קָפֹץ, קַפֵּץ פ״י.
שפרינגער, אוֹהֵב לְקַפֵּץ וּלְדַלֵּג, רַקְדָן ז׳.
שפרינקלען, ר׳ שפרענקלען.
שפרינקעל, ר׳ שפרענקעל.
שפריצאָווקע, ר׳ קאַנע ; הַזָּיָה לְתוֹךְ —.
שפריצעוואַניע, ר׳ שפריצאָווקע.
שפריץ, נִתּוּז, קִלּוּחַ ז׳.
שפריצען, הַזֵּה, זָרֹק, הַתֵּז, זַלֵּף, קַלֵּחַ פ״י.
שפריצער, 1) מִזְרָק ז׳ ; 2) מַזֶּה, זוֹרֵק ז׳.
שפרעכען ר׳ רעדען.
שפרענקלען ר׳ בעשפריצען.
שפרענקעל, נְקוּדָה נ׳.
שפרענקעלדיג, בָּרֹד, טָלוּא, עָקֹד ת׳.
שפרענקלער, ר׳ שפריצער 2.
שציפיאָר, קֶלַח הַבָּצָל ז׳.
שקאָדע, ר׳ שאָדען.
שקאָלע, ר׳ שולע.
שקאָנטיסט, מְנַכֶּה רִבִּית ז׳.
שקאַף, ר׳ שאַפע.
שקאַפּע, סוּסָה, רַמָּךְ נ׳.

שקָאפעק, פּטָּס קָטָן, כְּלִי הַחֲלִיבָה ז׳,

שקורע, ר׳ פעל. רייסען די שקורע: **פָּשׁט** —, הַפְשֵׁט הָעוֹר; הַכֵּה, הַלְקֵה.

שקלאַף, עֶבֶד ז׳.

שקלאַפין, אָמָה, שִׁפְחָה נ׳,

שקלאַפיש, שֶׁל עֶבֶד ת׳.

שקלאַפעריי, עַבְדוּת נ׳.

שראַגע, אַרְבָּעָה קְלָפִים שֶׁל צְבָעִים שׁוֹנִים.

שראָט, גַּרְגְּרֵי עֹפֶרֶת.

שראַנק, ר׳ שאַפע.

שרויף, בֹּרֶג, גָּלִיל, סָלִיל ז׳.

שרויפען, הַכְנֵס בֹּרֶג —, גָּלִיל.

שרויפענציהער, מַפְתֵּחַ לְבֹרָגִים, חוֹלֵץ הַבֹּרָגִים ז׳.

שרויפענשליסעל, ר׳ שרויפענציהער.

שר מפען, כַּנֵּן, קָמֹט, קַמֵּט פ״י,

שריט, ר׳ טריט.

שרייאיג, מְסֻלְסָל, יָהִיר, יָפֶה יוֹתֵר מִדַּי ת׳.

שרייבאַרט, ר׳ אָרטהאָגראַפיע; [2]) סִגְנוֹן ז׳.

שרייבביך, מַחְבֶּרֶת נ׳, פִּנְקָס ז׳.

שרייבגעצייג, קֶסֶת נ׳.

שרייבמאַטעריאַל, כְּלֵי —, מַכְשִׁירֵי הַכְּתִיבָה,

שרייבען, כָּתֹב פ״י. שרייבען אויף ריין: הַעְתֵּק.

שרייבער, [1]) כּוֹתֵב ז׳; [2]) סוֹפֵר ז׳,

שרייבעריי, כְּתִיבָה נ׳.

שרייבפעדער, עֵט לִכְתִיבָה.

שרייען, זָעֹק, הָרֵם קוֹל, צוֹחַ, צְעֹק, צְרֹחַ, שַׁוֵּעַ פ״ע. שרייען אויף די ציינער: צְעֹק מִכְּאֵב שִׁנַּיִם.

שרייער, צַעֲקָן, קוֹלָנִי ז׳.

שריפט, [1]) כְּתָב ז׳; [2]) אוֹתִיּוֹת הַדְּפוּס.

שריפטגיסער, מַתִּיךְ אוֹתִיּוֹת ז׳.

שריפטגיסעריי, בֵּית הַתָּכַת אוֹתִיּוֹת הַדְּפוּס,

שריפטזעצער, מְסַדֵּר ז׳,

שריפטליך, בִּכְתָב תה״פ.

שריפטשטעלער, מְחַבֵּר, סוֹפֵר ז׳,

שרעטעלע, גַּרְגַּר עֹפֶרֶת קָטָן.

שרעק, פַּחַד ז׳, בֶּהָלָה, בְּעָתָה נ׳,

שרעקליך, אָיֹם, נוֹרָא ת׳,

שרעקען, אַיֵּם, בַּעֵת, הַבְהֵל, הַחֲרֵד, הַפְחֵד פ״י.

שרעקעניס, אֵימָה, חֲרָדָה, יִרְאָה נ׳, פַּחַד, מוֹרָא ז׳,